הײנט א זײט.

Radom, dnia 5 Grudnia 1930 r.

ראדאָם, פרייטאג ט"ו כסלו תרצ"א

Redakcja i Administracja
Radom, Szwarlikowska 20.

*Oddział w Kielcach.*

# ראדאָמער-קעלצער לעבען



דעם טיפסטען מיטגעפיהל דריקען מיר אויס
דעם ג' ראדאָמער רב יחיאל קעסטענבערג שליט"א
צוליעב דעם פערלוסט מיט'ן טויט פון זיין פרוי
די רבנית **ח י ה נ"ע**
המקום ינחם אותו בתוך שאר אבלי ציון וירושלים.
**מנחם מענדיל שטיינבאַך**
פרוי און קינדער.

---

אנו מביעים בזה על האסון שקרה לנו במות עלינו אבינו היקר
**חיים בן המנוח ברוך הלוי בקמן**
שנפטר ביום ו' ח' כסלו תרצ"א בן 85 שנה
השרוים בצער
**בניו, בנותיו, כלתיו, נכדיו ונiניו.**

---

## צו דער יודישער בעפעלקערונג אין ראדאָם.

ווי ס'איז יעדען באַוואוסט, עקזיסטירט אין ראדאָם שוין א לענגערע צייט א ערציהונג'ס-אנשטאַלט פאר קינדער א. נ. „חנוך ילדים".

אין דער דאָזיגער אנשטאַלט ווערען ערצויגען העכער 60 יודישע קינדערלעך פון דער אָרימער קלאַס, ווי אויך קינדער, וואָס זענען יתומים. די קינדער בעקומען א חיך א מוסטערליכע ערציהונג, אויך גוטע פפלעגע און ערנעהרונג. יעצט ווען דער ווינטער איז שוין נאָהנט האָט דער קאָמיטעט פאר א הייליגע אויפגאַבע צו בעקליידען און צו בעשיכען די אָרימע קינדער.

מיר ווענדען זיך דעריבער מיט א וואַריטען אַפעל צו דער יודישער בעפעלקערונג אין ראדאָם צו געדענקען אין דעם קינדער-אנשטאַלט און שיקען דעם קאָמיטעט אין זיין בעקליידונג'ס-אקציע, שענקענדיג אלטע אָבגעטראָגענע זאכען, ווי העמדער, קליידעלעך, פאַלטאָנדלעך און שיך. וואָס ווערט אין שטוב שוין ווייניג בענוצט אין פאר די קינדער וועט עס נאָך גוט זיין אין זיי זאלען נישט גיהן נאַקעט און באָרוועס. דער קאָמיטעט איז געצווינגען דאָס צוטוהן, ווייל די פינאַנסיעלע לאַגע פון דער אינסטיטוציע איז זעהר א קריטישע.

מיר בעטען אַלע די, ביי וועמען אונזער אַפעל וועט געפינען א וואַרימען אָפקלאַנג צו שיקען די דערמאָנטע זאכען אין דער אָכראָנקע דלוגאַ 11 אָדער מודיע זיין דורכ'ן טעלעפאָהן 85 און דער קאָמיטעט וועט דעלעגירען א בעפולמעכטיגטען אָנצונעמען די געשאָנקענע זאכען.

**די פערוואַלטונג פון „חנוך ילדים"**
**— אין ראדאָם. —**

---



---



---

בלב מורתח הנני מביע את רגשי השתתפותי בצער העמוק
של חברי הרב ר' יחיאל קעסטענבערג ובניו
למות עליהם אשתו ואמם
הרבנית **ח י ה נ. ע.**
ד' יחזק כחו ולא יוסיף לדאבה עוד.
**מרדכי קליינמאַן ורעיהו.**

---

# אונזער „דעקלאסירטע" יוגענד.

ס׳איז שוין געוואָרען אַ אָפטע ערשיינונג, אַז די טהיר פון אונזער רעדאַקציע זאָל זיך עפענען און אויפ׳ן שוועל בלייבט שטעהן פערשעמט און נישט דרייסט אַ יוגענדליכער. וואָס די וואָנסעס הויבען איהם ערשט אָן צו שפּראָצן און מיט אַ שטילע שטים קוים צו הערען ווענדעט ער זיך צו אונז:

— אפשר ווייסט איהר עפּעס וועגן ארבייט פאַר מירן

ווען איהר רעדט זיך פונאנדער מיט אָט די דאָזיגע יוגענדליכע, וואָס זוכען ארבייט, ווערט איהר געוואָהר א חתום פון טראגישע אומשטענדען און פערהאַלטנישן. דאָס רוב זענען עס קינדער פון דוקא בעלי בתּישע עלטערן. וואָס אין נאָרמאַלע צייטען וואָלטען זיי זיך אפשר איינגעאָרדענט אין זייערע עלטערנס אונטערנעהמינגען, אָדער אויף אַ פּריוואַטען פּאָסטען.

אָבער די איצטיגע פערהעלטניסען אין פוילען, וואו זייערע עלטערנס געשעפטען זענען אויס געשעפטען און וואו אויף אַנדערע שטעלעס האָבען זיי צוליב זייער נאָז קיין צוטריט נישט, געפינען זיי זיך בבחינת א „דעקלאַסירטער" עלעמענט, ד. ה. אַ עלעמענט, וואָס דאַרף נישט קיין בּאַדען אונטער די פיס און קיין פּלאַץ אין דער געזעלשאַפט.

אין גראַד זענען עס דוקא געזונדטע יונגעלייט, מיט בילדונג, מיט פעהיגקייטען, וועלכע וואָלטען ביי אַנדערע אומשטענדען געוויס נישט פערלויערען געגאַנגען אומזיסט, אָפט אַבּיטוריענטען פון שולען, אַנדערע אפילו מיט געוויסע פּראָפעסיעס, אָבער... נישטאָ קיין ארבייט.

זיי זענען אין די טויזענדטער איצט, נישט נור היגע, נור אויך פון ארומיגע שטעדטלעך. זיי שלאָגען אָפּ די שוועלען פון אינסטיטוציעס, א יודישע רעדאקציע אריינגעשלעפּט, אָבער פון אומעטום גיהען זיי אוועק ענטוישטע, ווייל סוף כל סוף איז דאָך א יודישע רעדאַקציע נישט קיין אַ־בייטס בירזשע און קען זיי קנאפּ וואָס העלפען.

ס׳האָט אפילו פּאַסירט ווען אַזאַ איינער נאָכדעם, ווי ער האָט זיך איבערצייגט, אַז די רעדאַקציע קען איהם מיט ארבייט נישט בעזאָרגען, האָט ער קוים ארויסגערעדט:

— איך האָב שוין צוויי טעג נישט געגעסען.

דאָס הערט איהר פון מויל פון א יוגענדליכען נישט זעלטען אין די איצטיגע צייטען.

ווען מיר טראַכטען זיך אריין טיפער וועגען דעם ווי ס׳האַלט מיט אונזער יודישער יוגענד קומען מיר צו טרויעריגע אויספיהרען.

אונזער יוגענד ווערט דעקלאַסירט נישט צוליב׳ן בייטען זיך פון דער סאָציאַלער סביבה און אומגעבונג, ווי מיר זעהען עס צום ביישפּיל אין סאָוויעטן־פערבאַנד, נור צוליב די פעשלאָסענע טאָציאַל־עקאָנאָמישע איינאָרדנונגס־מעגליכקייטען דוקא ביי קאפּיטאַליסטישע פערהעלטניסען אין לאַנד, געווענדעט דירעקט געגען יענער טייל בעפעלקערונג, וועלכע געהער נישט צו דער הערשענדיגער נאַציע

די אונטערדריקונג פון יודישען האַנדעלס און אונטערנעהמונגס־איניציאַטיוו, די רעכטלאָזיגקייט פון די יודישע שולען, די רעכטלאָזיגקייט בנוגע ארבייט אין די מאָנאָפּאָלען, פאַבריקען, אדמיניסטראַטיווע און שטאָדטישע אינסטיטוציעס אד״ג צווינגען אונזער געזונטע, נאָרמאַלע און ארבייטספעהיגע יוגענד צו זיין כלומרשט דעקלאַסירט. ווען אין אמת׳ן זענען זיי דאָס נישט, והא ראיה, פאָהרט אונזער יוגענד ארויס אויסער די גרעניצען פון פוילען, בעקומען מיר בּאַלד גרוסען, אַז דער אין דער האָט זיך דאָ און דאָרט ווי ס׳איז איינגעאָרדענט.

אָבער וויפיל קענען עס זיין אַזעלכע יוגענדליכע עמיגראַנטען? די טויזענטער בלייבען דאָך פאָרט אויפ׳ן אָרט און זיי מוזען דאָך האָבען אַ קיום, מען קען דאָך נישט לאָזען זיי פערוואַנדעלט ווערען אין לומפּען־פּראָלעטאַריער.

צי פערטראַכטען זיך אונזערע אָנפיהרענדע מאַסגעבענדע ספערען וועגען דער שעדליכקייט פון אַזאַ דעקלאַסירונגס פּאָליטיק, וואָס ברענגט א יוגענט פון אַ גאַנצען פאָלק צו בעטעל־בּרויט בלויז דערפאַר, ווייל זי געהערט נישט צו דער הערשענדישער נאַציע?

נ. ע.



# טאָג = בוך
## פון אַ ראַדאָמער זעלבסטמערדער.

### מיין ערעסט אין „טשעקאַ".

ווען איך בין אריין אין די אונטערערדישע היילען פון דער טאָפּקיער „טשעקאַ". האָב איך געטראָפען א נייע וועלט. מענשען פון פערשיידענע קלאַסען און פון פערשידענע ספערען. כ׳האָב בעגעגענט רויהע. ווילדע פּנימער. וואָס בלויז אַנקוקענדיג זיי, איז אויף מיר געפאַלען אַ שרעק. זייער אָרט רעדען און פערהאַלטען זיך האָט עדות געזאָגט, אַז דאָס זענען מענשען מיט סונקעלע פּער אַנגענהייטען, וואָס האָבען אויף זייער געוויסען נישט איין מאָרד און נישט איין רויב. דאָס זענען געווען מענשען הויך־געוואַקסען, ברייט־אקסעלדיגע מיט לאַנגע, דיקע הענדער. און הענד האָבען זיי געהאַט ווי די גראָבע קלעצער אַזוי, אַז מ׳ט איין הענד האָבען זיי געקענט אַרומנעמען צוויי קעפּ מיט אַמאָל און מיט א לייכטען קוועטש זיי דערשטיקען.

די דאָזיגע ריעזען. וואָס האָבען אויפגעצויגען אַ וועלט אין זיך געציהלט אין זייער פערברעכער־וועלט ווי גאַנצע הערשער, האָבען דאָ אין „טשעקא" אַרומגעבלאָנדזשעט ווי פערלוירענע נשמות. זיי האָבען דערפיהלט אַז דאָ איז זייער סוף. זיי האָבען געברומט ווי די ווילדע טיגער׳ס. ווייסענדיג אַז פון דאַנען וועלען זיי שוין נישט ארויס האָבען. זיי פאַר גרויס רציחה און פערצווייפלונג זיך געוואָרפען אויף די אַנדערע ארעסטירטע, זייער טרייסט איז געווען. וואָס—זיי האָבען זיך געריצט מיט זייערע שכנים, אַז אויך זיי ערוואַרט „סטיענקאַ" און, אַז מ׳וועט זיי מכבד זיין מיט א קייל אין קאָפּ.

ביי מיין אריינקומען אין „טשעקא" האָט מיך ארומבעלאַגערט א גאַנצע מחנה פון די דאָזיגע פערברעכער. זיי האָבען מיר געקלאַפּט אין פּלייצע און געלאַכט מיט גאַל און גיפט און זייערע פּייכטע, הייסע אָטהעמ׳ס האָבען שפּריצענדיג אויף מיר אויסגעשפּיגען אַזעלכע ווערטער, וואָס האָבען מיך געבריהט ווי הייסע, אַנגעגליהטע שפּילקעס. ווי איין כאָר האָבען זיי אַלע צוזאַמען אויסגעמריטשעט:

— נאָך אַ קרבן געקומען. זאָרג נישט טייבעלע, ס׳וועט דיר זיין הימליכער, אָדער מיר וועלען דיך, אָדער דו וועסט אונז בעגלייטען צום הייליגען בלוט־ווענטעל. נישט קשה קוילען זענען דאָ געווען, אפי דאָס פעהלט נישט אין „טשעקאַ". זאָרג נישט, גאַלובטשיק. עס און טרינק, ווייל מאָרגען וועסטו פּיי־ווי שטאַרבען. —

איך בין געוואָרען ווי צוטומעלט. צווישען די הויכע גראָבע ריעזען בין איך פערלוירען געוואָרען ווי א פליג. איך האָב זיך צווישען זיי גאַרנישט ארויסגעזעהען. ס׳האָט זיך מיר געדאַכטען ווי איך ווער איינגעשלונגען בלויז פון זייערע קרעפטיגע, שטאַרקע קולות. איך האָב נעצאַפּעלט ווי א פיש אין זייערע לאַנגע איייזערנע הענד, איך האָב נישט געקענט א וואָרט ארויסרעדען. פון מיינע איבערגעדרעהטע אויגען האָבען די באַנדיטען ארויסגעלייגט, אַז איך

# פון יודישען האנדווערקער-לעבען אין ראדאם.

## גרויסער בעריכט-פערזאמלונג און וואהלען פון א פערוואלטונג.

שבת דעם 29-טען ליסטאפאד איז פארגעקומען א אויסערגעוועהנליכע אלגעמיינע פערזאמלונג פון די מיטגלידער פון האנדוו.-קלוב ביי דער בעטייליגונג פון 200 מיטגלידער.

דעם פארזיץ האט געפיהרט ה׳ א. זימלער. דעם בעריכט פון דער פערוואלטונג פאר׳ן פערגאנגענעם יאהר גיט אפ פרעזעס מ. קאטלער, וועלכער שטעלט פעסט, אז עס איז דורך די פערוואלטונג אדורכגעפיהרט געווארען א קאלאסאלע ארבייט, נעמליך, עס זענען לעגאליזירט געווארען 5 צעכען און 4 סטאטוטען זענען אין דער וואיעוואודזטווע צום בעשטעטיגען. עס זענען אדורכגעפיהרט געווארען צענדליגער צעך-פערזאמלונגען און 20 געמיינזאמע פערוואלטונגס-קאנפערענצען פון אלע צעכען.

עס זענען צוגעגרייט געווארען אלע פארמאליטעטען, וועלכע זענען נויטיג געוועזען צום אבגעבען אום צוגעלאזען צו ווערען צום עקזאמען אויף מייסטער.

דעם קאסע בעריכט האט אבגעגעבען דער סעקרעט. סטראוטשינסקי. אין דער דיסקוסיע איבער׳ן בעריכט האבען אנטייל גענומען: ראטבליאט, ח. י. בורמאיסטער, דיזענהויז, מ. ראזענבוים ש. איידעלבוים, ל. אורין, ש. ראזענבערג. זילבערשטרום און ליסקאוויטש.

די בעריכטען ווערען גענומען צו קענטניש.

עס איז ערקלערט געווארען א הפסקה אויף 20 מינוט אים אדורכצופיהרען די וואהלען.

דער רעזולטאט פון די וואהלען איז פאלגענדער:

אין די פערוואלטונג זענען געוועהלט: מ. קאטלער, ש. איידעלבוים, מ. ראזענבוים, ס. צימערמאן, שלמה ראזענבערג, י. ח. גאלדבערג, א. האך, ל. האנאווער, מ. בורמאיסטער, שמעון ראזענבערג, י. ראטבליאט און י. ד. סטראוטשינסקי.

פערטרעטער: ח. גרינבערג, י. פעלדמאן, ח. גאלדפארב, מ. קליין, ח. גרינשפאן, י. ליסקעוויטש.

אין דער רעוויזיאנס קאמיסיע: ש. ח. בירקאוויטש, ה. מענדעלסאן, און אברהם לעווין (פעלדשער).

אלס קאנדידאטען: י. זילבערשטרום, י. ערליכמאן און מ. שפילפויגעל.

אין שידס-געריכט:

די ח״ח: מ. קאטלער, י. י. מאגנישעווסקי, י. ראטבליאט, י. פעלדמאן, ח. גאלדבערג, א. זימלער און ל. ווײנטרויב.

די פערוואלטונג האט זיך קאנסטיטואירט אויף פאלגענדען אופן:

פרעזעס: מ. קאטלער, וויצע: צימערמאן ס., סעקרעטאר שמעון ראזענבערג, קאסיר ל. האנאווער, פערוואלטער: שלמה ראזענבערג, י. ח. גאלדבערג. ביבליאטעקארען: י. ד. סטראוטשינסקי, ח. גרינבערג און ראטבליאט ח. י.

עס איז אויך געוועלט געווארן א פינאנס-קאמיסיע פון די ה״ה שמעון ראזענבערג, י. פעלדמאן, א. האך.

סעקרעטאר

ש. סטראוטשינסקי.



געהאיפ פון שרעק און זיי האבען אויף מיר רחמניות געקריגען.

איינער פון זיי דער שטארקסטער און דער „עלטסטער“ פון זיי האט א א מריטש געטוען צו די איבריגע און יענע האבען זיך באלד אבגערוקט פון מיר. איך בין געבליבען שטעהן אין מיטען פון א לאנגע האלב-פינסטערער קאמער, וואס איז געווען אונענדליך גרויס. ביי די ווענד ארום איז געלעגען בלויז שטרוי און אויף דעם האבען זיך געוואלגערט אהן א שיער מענשען. פון אלעמענס אויגען האט ארויסגעקוקט א טיעפער טרויער און א פרעסענדער יאוש. אלע האבען מיך אנגעמאסטען און געשאקעלט מיט די קעפ, ווי זיי וואלטען מיך שטארק בעדויערט. ס׳האריך האט מיר געשניטען קוקענדיג אויף אט די אומגליקליכע מענשען. איך האב זיך ערשט רעכט אומגעקוקט און גלייך דערקענט צווישען די גרויסע מענשען-מאסע אויך פיעל אזעלכע, וואס האבען אויסגעזעהן צו זיין רייכע און זעהר אנשטענדיגע מענשען. אויפ׳ן ברודיגען, שמוציגען שטרוי, פון וואס ס׳האט געזעצט א שטיקענדער דאמפף זענען געלעגען יונגע און עלטערע מענשען אנגעטוהען אין די שענסטע, הערליכסטע קליידער, אויך זייערע פנים׳ער זענען געווען אויסגעאיידעלט און בעהויכט מיט אריסטאקראטישער און אינטעליגענטער גראצעזקייט. די דאזיגע מענשען זענען געלעגען צוגייסגעטוליעט איינער ביים צווייטען און געווען אבגעטיילט מיט א קליינעם קוים זעהבארען דיסטאנץ פון די איבריגע ארעסטאנטען, וועלכע זענען געלעגען עטוואס אבגערוקט, אזוי ווי זיי וואלטען נישט געהאט קיין דרייסקייט אויסצומישען זיך מיט די פיינערע און בעסערע פון זיי. אם לו אט דא אין דעם פינסטערען ווינקעל, וואו אלע געפאנגענע זענען פעראייניגט דורך איין גורל, טיילען זיך אויך פונאנדער די קאנטראסטען און יעדער ציהט צו זיין שרש. פינקט ווי עס איז אין דער הויך איבער דער אונטערערדישער הייל, אינ׳ם פרייען לעבען. דאס געשעהט נישט דורך עמיצענס איניציאטיוו, נאר פון זיך אליין.

ווען איך בין אזוי געשטאנען און אבסערווירט דעם קעלער האב איך זיך געשלאגען מיט דער דעה צו וועמען, צו וועלכען ווינקעל איך זאל זיך דערנעהנטערען. מיך האט געצויגען אהין צו יענע דארט, וואס האבען פון שטרוי ארויסגעשטראהלט מיט זייערע אויסגעבליכטע, וועהמוטיגע, אבער דאך איידעלע פנימ׳ער. איך האב אבער מורא געהאט דאס צוטוהן איך זאל נישט בעליידיגען די באנדיטישע חברה, וואס האבען מיך די ערשטע מקבל פנים געווען. עס וואלט געהייסען, ווי איך שעם זיך מיט זיי און עס שטעהט מיר נישט אן דער יחוס זיך איינצובירגערען מיט זיי. איך בין געשטאנען אין גרויס פערלעגענהייט. צו מיינע צרות האב איך נאך געמוזט האלטען קאפ צו פיהרען פאליטיק. פון איין ווינקעל, דארט וואו ס׳איז געלעגען די בעסערע געזעלשאפט, האט מען מיר צוגעווארפען שטימע קראמפפהאפטע בליקען און דער אויפרויף פון די פערשלאסען-איינגעביסענע ליפען האט מיך גערופען אהין. פון א צווייטען ווינקעל האבען צו מיר אהערגעלאכט די פערברעכערישע חברה און אויף א הילכיגען קול געפאדערט איך זאל זיך צו זיי צוזעצען. וואס טהוט מען מיט וועמען בעקענט מען זיך פריהערן

ווייסט אויס, אז דאס וואס האט געמוטשעט מיין געדאנק, האט דערשפירט דער הויפט-אנפיהרער פון די באנדיטען, וואס איז געווען דער איינציגער וואס איז די גאנצע צייט געשטאנען לעבען מיר. ער האט פערקאכט איין אויג און מיט׳ן צווייטען האט ער מיך אירוניש אנגעקוקט און אריינגעשטאכען אין מיר ווי א שארפען שפיז פון

# קיין געלד איז נישטאָ — אבער אָרימע קינדער זענען דאָך דאָ.

אין ראדאָם עקזיסטירט שוין יאָהרען-לאַנג א אינסטיטוציע „חנוך ילדים“ וואו ס'ווערען ערצויגען קינדער פון אָרימע עלטערן און אויך קינדער, וואָס האָבען נישט קיין עלטערן.

די אינסטיטוציע איז פּשוט א ערציהונג'ס-אַנשטאַלט. די קינדער ווערען דאָרט געלערענט, ערצויגען און ערנעהרט. אַלץ איז דאָרט אין בעסטען אָרדנונג. די יונגע קינדערלעך זענען צופרידען, וואָס זיי האָבען א וואַרימע מוטערליכע היים; דער קאָמיטעט—וואָס די אָרימע שוצלאָזע קינדער ווערען פיין ערצויגען. נאָר מיט איין זאַך איז נישט פוינעלדיג — ס'פעהלט געלד. די שטאָדט צאָהלט ווייניג. כמעט גאָרנישט; די שטיצע פון אמעריקאַ הינקט לעצטענס אויך אונטער. אין טאַקע די פינאַנציעלע לאַגע א קריטישע און דער קאָמיטעט איז שטאַרק בעזאָרגט וועגען ווייטערדיגען גורל פון דעם קינדער-אַנשטאַלט, דאָ געהט וויגשער, די קינדער ברויך מען בעקליידען, בעשיכען און קיין געלד איז נישטאָ.

האָט דער קאָמיטעט גענינען א מיטעל צו ווענדען זיך מיט אַן-אַפּעל צו דער יודישער בעפעלקערונג צו שענקען כאָטש אלטע, איבערגעגאַנגענע וועש, פּאַלטאַנדלעך, קליידלעך און שיכלעך, דאַכט זיך א זעהר בעשיידענער פערלאַנג. וואָס ראדאָם ברויך אודאי און אודאי נאָכקומען און שוין ביי איין וועגס זיך אויך דערמאָנען וועגען עטוואָס ברייטערער אונטערשטיצונג.

טעג ראָמאַן.

דער יונגערמאַן איז געוואָרען אויסגעבראַכט און האָט געמאַכט דער פרוי א סקאַנדאַל. די לעצטע האָט איהם אָבער פערזיכערט, אַז דאָס האָבען שונאים פּשוט געמאַכט אויף איהר א בלבול.

פרייטאָג צו-נאַכט האָט זיך די פרוי בעגעגענט מיט איהר געליבטען און ביידע זענען אריין אין קינאָ.

אין דער זעלביגער צייט האָט אויך דער „געטרייער“ מאַן זיך בעגעגענט מיט זיין געליבטער און צופעליג זענען זיי אויך אריין אין זעלבינען קינאָ.

אין א געוויסען מאָמענט, ווען אין זאַל איז געוואָרען ליכטיג, האָט דער מאַן צו זיין גרויס פערוואונדערונג דערזעהן זיין פלונית'טע מיט איהר בעגלייטער.

דער מאַן איז א צעקאָכטער אריינגעלאָפען צו איהר אין לאָושע און געמאַכט דערפון א שטילען סקאַנדאַל.

דער ענין וועט ווייזט אויס האָבען א אָבקלאַנג ביי די היגע רבנים.

# אַז מאַן און ווייב טרעפען זיך אין קינאָ...

דער יודישער איינוואוינער ב. נישט קוקענדיג דערויף, וואָס ער האָט א יונגע און שעהן ווייבעל, האָט נאָך פעריהרט א זייטיגען ליבע-ראָמאַן מיט א קריסטליכע פריילין ס.. מיט וועלכער ער פלעגט זיך אָפט טרעפען.

ב.'ס ווייבעל, וועלכע האָט דערפון נישט געוואוסט, האָט אָבער זיהר געליטען דערפון, וואָס דער מאַן ווערט אָפט פערפאַלען. נאָר זי האָט געשוויגען.

מיט דער צייט אָבער האָט זי זיך געטראָפען מיט איר'ן אַמאָליגען בעקאַנטען און צווישען זיי האָט זיך אויך פערבינדען א ליבע-ראָמאַן. אויך זי פלעגט אין געהיים זיך טרעפען מיט איהם און נישט דער מאַן האָט געוואוסט וועגען איהר ראָמאַן און נישט זי וועגען מאַנ'ס.

זענען דאָך אָבער פערהאַן אויף דער וועלט „גוטע פריינד“ און מ'האָט ב—ן צעוויסען געגעבען וועגען זיין פלונית'-

# יודען! קיין ג"אשטען זאָלט איהר נישט געבען א חתן ביז ער זאָגט נישט דעם „הרי-את“.

יודען, גיט נישט קיין חתנים קיין געלד. ווי לאַנג ער געהט נישט ארונטער אונטער דער חופה און זאָגט נישט דעם „הרי את“ דאַרף מען קיין איינציגען חתן קיין גראָשען נישט געבען. ווייל פערשטענדייל נעמען די חתנים'לעך צו די „ממתקים“ און די טאָכטער לאָזען זיי דערווייל עלטערן זיך ביים טאַטען.

ה' ר. האָט מיט א צייט צוריק א שידוך געטוהן מיט זיינס א טאָכטער. נישט לייכט איז עס איהם אָנגעקומען א שידוך צו טוהן מיט זיין טאָכטער. טויזענדטער בריף האָט ער געשריבען צו זיינע רייכע קרובים קיין אמעריקאַ, אַז זיי זאָלען איהם שיקען נדן פאַר זיין טאָכטער. נאָך שווערער מיה האָט ער בעקומען גאַנצע טויזענד דאָלאַר.

דערטאַפּענדיג די „אפּותיקא“ האָט ה' ר. אַלאַרמירט די ראדאָמער שדכנים און איינער פון זיי האָט געבראַכט א בחור'ל א „אתרוג'ל“ אויס פון לעמבערג א געוויסען ז. ש.

אָפּגעשריבען מיט ז. ש. די תנאים האָט דער מחותן אויסגעצאָהלט 2 הונדערט דאָלאַר און דערלאַנגט זיין קומענדען איידעם, ער זאָל זיך דערווייל גרינדען א עקזיסטענץ.

ז. ש. האָט אָנגעהויבען האַנדלען דערווייל באַנקראָטירט און אין איין וועגס עוקר געוועזען פון לעמבערג. אַז מ'ווייסט נישט וואו ויין געביין איז אהינגעקומען.

ה' ר. איז דערווייל געבליבען מיט דער טאָכטער אָבער אָהן דעם נדן.

א מעסער. ער האָט זיך דערנעהענטערט אויף עטליכע טריט. ארויסגעלעגט א א ברייטע לאַפּע אויף אַנ'אַקסעל פיינעם און טרייסלענדיג מיך ווי א דין צווייגעל האָט ער דורך זיינע פערקריצטע צעהן אויסגעוואָרטשעט.

— זאָג נאָר, יאַט, ווי איך זעה ביסטו א בורזשויסקי מאָרדאָ. מיינע קאָלעגען זענען דיר נישט צום הארצען. ס'בענקט זיך דיר אַהין צו זיי דאָרט צו די פעטע רייכע זוהנדלעך, זאָג ס'איז אמת? נו, רעד א וואָרט! אידיאָט איינער, וואָס איז דען דער אונטערשיעד די קויל טרעפט אומעטום, אפילו אין רייכע קישקעס. מיר איז אויך נישט קיין אונטערשיעד. פאַר מיינע טוועגען קאָנסטו זיך וואַלגערן אויף יענעמס שטרוי, וואו עס כלאָיעט די בורזשואַזיע אין די פעטקנייטשטע סמאָקינגס און פרעק. אַלץ איין טייוועל. אָבער איך דערקען זאַך אין דיר, אַז דו ביסט אַנ'אַנדערער. אויף דיין שטערען ליגט א שטעמפּעל פון א סך צרות און שווערע איבערלעבענישען. קום בעסער צו אונז, מיר זענען טאַקע באַנדיטען, אָבער האָרט מענשען מיט א האַרץ טאַקע רויבער, אָבער נישט קיין גנבים און נישט קיין שווינדלער. דו ביסט אויך נישט קיין גנב און נישט קיין שווינדלער, טאָ, קום בעסער צו אונז. —

די ווערטער פון באַנדיט האָבען אויף מיר געמאַכט א איבערראַשענדע ווירקונג. פון וואַנען ווייסט ער. אָט דער ראָזיגער ווילדער מענש, אַז איך בין נישט קיין שווינדלער? ווער האָט איהם געזאָגט, אַז כ'בין דורכגעגאַנגען א סך צרות? אין וואָס דערקענט ער דאָס?

כ'ווייס נישט וואָס מיט מיר איז דאַן געשעהן. עפּעס איז פון מיר מיט אַמאָל די גאַנצע מורא פערשווינדען. אינגאַנצען בין איך געהען דאָ אין דער חושך'דיגע און מרה-שחורה'דיגער קאַפּער פון „משעקאַ“ אפשר צוואַנציג מינוט און שוין בין איך געוואָרען ראַפּטום אזאַ היימישער און דרייסטער, ווי איך וואָלט שוין דאָ א לאַנגע צייט געוועסען, מעגליך, אַז די דאָזיגע שטימונג האָט אויף מיר געבראַכט די ריהרענדע ווערטער פון באַנדיט, אַז דאָ איז נישטאָ פאַרהאַן קיין אָרט פאַר חעכערע אין נידריגערע. יאַריין. נישט רייך, מענש, באַנדיט, אַלץ איינס. דאָס וויסטע לעבען האָט דאָ אַלע צוזאַמענגעפיהרט און פיהרט זיי אַלע צו איין תליה.

מיט איינמאָהל בין איך ארויס מיט א הייטערע שפּראַך און אינגאַנצען א צופלאַמטער האָב איך אָנגעהויבען וואָרפען מיט רייד.

— חברים, וואָס פאַר א אָבנעזוונדערטקייט הערשט דאָ ביי אייך? אַלע זענען מיר דאָ ברידער און די פּאָר טעג וואָס בלייבט אונז צו לעבען ברויכען מיר זיך האַלטען איינס. דער טוידט איז א דעמאָקראַט. פאַר איהם זענען אַלע גלייך. קומט, שטעהט אויף, לאָמיר זיך דערלאַנגען די הענד און שליסען ברודערשאַפט כאָטש איין טאָג פאַר'ן טוידט און זאָל דאָס זיין א פערגעבונג. וואָס אַלע יאָהרען זענען מיר איינער פון צווייטען ווייט געווען און איינער האָט נישט געוויסט, אָדער נישט געוואָלט וויסען פון צווייטענס ליידען. קומט, יעצט האָבען מיר נישט צו-וואָס צו זיין זיך שונאים. מיר האָבען שוין אַלעס פערשפּיעלט, גלייך פערשפּיעלט, מיר האָבען שוין גאָרנישט, צוליב וואָס זיך צו קריעגען. אָט דאָס איז די לעצטע שורה פון אונזערע רייסערייען און קאַמפּפען. אַלץ איז געענדיגט. קומט ברידער. לאָמיר זיך מוחל זיין אין לעצטען טאָג פון אונזער לעבען די זינד, וואָס מיר זענען בעגאַנגען איינער געגען דעם צווייטען. —

# פּראָצעס געגען די געוו. ראַטמענער און ג. שטאָדט-פּרעזידענט גזשעשטשאַראָווסקי.

אויף דער לעצטער זיצונג פון ראַדאָמער שטאָדט-ראַט, איידער ער איז געוואָרן פונאַנדערגעלאָזט, איז צווישן אַנדערע פראַגן, וואָס זענען געשטאַנען אויפ'ן טאָג-אָרדנונג, אויך באַריכט געוואָרן דער ענין בריסק. דאָס איז געווען נאָכדעם ווי ס'איז פאָרגעקומען דער קראָקאָווער קאָנגרעס און אויף דערנאָך ווען ס'זענען אַרעסטירט און אָפּגעפיהרט געוואָרן קיין בריסק אַ גאַנצע ריי געוו. דעפּוטאַטן פאַר פערשידענע חטאים.

אויף דער דערמאָנטער זיצונג האָט דער שטאָדט-ראַט אָנגענומען אַ פּראָטעסט-רעזאָלוציע און עטליכע ראַטמענער זענען אַרויסגעטרעטן מיט רעדעס, וואָס האָבן געטראָגן אַן אַנטי-מלוכה'שן כאַראַקטער.

אויף דער דאָזיגער האַנדלונג האָט רעאַגירט די פּראָקוראַטאָרישע מאַכט, וועלכע האָט צוגעצויגן צו געריכטליכער פאַראַנטוואָרטליכקייט כמעט אַלע פּעפּעסישע ראַטמענער, דעם ג. פּרעזידענט גזשעשטשאַראָווסקי, וויצע פּרעז. אָזשעמבלאָ, דעם פּנויעקישן ראַטמאַן גאַיעוויטש און דעם בונדישן ראַטמאַן אַבֿרהם'לע פינקעלשטיין.

דער פּראָצעס איז פאָרגעקומען דעם פאַרגאַנגענעם פרייטאָג אין זיגזון סעוויאַטאָחען געריכט.

אַלס עפענטליכע באַשולדיגער טרעט אַרויס דער פּראָקוראָר שעפער און אַלס פערטיידיגער טרעטן אַרויס: אַדוו. בערענשטאַהן פון וואַרשע און די ראַדאָמער אַדוואָקאַטן: ביעלסקי, גיעדזוש-חיעדזקי, זדזיטאָוויעצקי און פעניגשטיין.

בײַם אָנהויב פון פּראָצעס ערקלערט דער ריכטער קאָהן, אַז ס'וועט פאָרגעלייענט ווערן די דעציזיע פון קרייז-געריכט, וואָס שייך דעם פאָרשלאַג פון דער פערטיידיגונג מצד דעם אַדוו. שמיאַראָווסקי וועגן אויסשליסן דעם ריכטער, וואָס פיהרט-אָן מיט'ן פּראָצעס (ער זעלבער פּראָצעס האָט נאָך געזאָלט פאָרקומען מיט צוויי וואָכן צוריק, אָבער ער איז אָבגעלייגט געוואָרן).

אין דעם מאָמענט שטעלט-אויף אַדוו. בערענשטאַהן און ערקלערט, אַז לויט'ן געזעץ פון דער שטראַף-פּראָצעדור ברויכן די באַשלוסן פון קרייז-געריכט איבערגעשיקט ווערן די באַשולדיגטע דורך זייערע פערטיידיגער שריפטליך. ער שטעלט אָלזאָ איבערצולייגן די לעצטע טהייל פון פּראָטאָקאָל אַלס פעהלער, אַז דער ריכטער האָט נישט פאָראָרדענט קיין הפסקה פון פּראָצעס. אַדוו. בערענשטאַהן איז דערפאַר, אַז דער פּראָצעס זאָל אָבגעלעגט ווערן און אַז די עדות זאָלן אויף דאָס ניי געפאָרשט ווערן.

דער פּראָקוראָר טרעט אַרויס געגען דעם פאָרשלאַג, מאָטיווירענדיג, אַז דער ריכטער האָט אַרויסגעזאָגט די ווערטער, אַז ער לייגט אָב דעם פּראָצעס. צווישן פּראָקוראָר און פערטיידיגער ענטשטעהט אַ ויכוח, בעת וועלכער דער פערטיידיגער רייסט צוויי מאָהל איבער די ערקלערונגען און אויספיהרונגען פון פּראָקוראָר, אַזוי, אַז דער לעצטער ווענדעט זיך צום געריכט מיט אַ בקשה אויפמערקזאַם צו מאַכן דעם פערטיידיגער פאַר דער אומפאָרזיכטיגקייט פון זיין אופן פערטיידיגונגס-טאַקטיק.

ריכטער קאָהן ערקלערט, אַז טראָץ די נעגנערישקייט מצד דער פערטיידיגונג וועט די דעציזיע פון קרייז-געריכט יאָ פאָרגעלייענט ווערן מחמת דאדורך שטעהט די באַשולדיגטע נישט פאָר קיין שום עוולה און זיי פערלירן נישט דאַדורך די רעכט אויף אַ קאַסאַציע.

עס ווערט פאָרגעלייענט די דעציזיע, וועלכע זאָגט, אַז דאָס קרייז געריכט רעהאַטיימערט דעם פאָרשלאַג פון די פערטיידיגונג וועגן אויסשליסן דעם אָנפיהרענדן מיט'ן פּראָצעס, ריכטער קאָהן. אין די דעציזיע שטייט אונטער דאָס קרייז-געריכט, אַז די פערטיידיגונג פאָדערט דאָס אויסשליסן דערפאַר וואָס דער ריכטער האָט געזאָלט מכלומר'שט פאָראויסאורטיילן נישט צום גינסטן די אָנגעקלאָגטע, אויסדריקענדיג זיך אין זיין דעציזיע, אַז דער אומזאַץ, וועלכער געפינט זיך אין דער רעזאָלוציע פון שטאָדט-ראַט פון 30.9 ענטהאַלט פערברעכערישע סימנים. דאָס קרייז-געריכט האַלט דעריבער, אַז דער אופן פון אַזאַ אַרויסזאָגן זיך, הייסט נישט קיין שום פאָראויסאורטייל, ווארום פיעל מאָהל איז דער פאַל, וואָס די פערטיידיגונג פאָדערט אין אָנפאַנג פון אַ פּראָצעס צו אַנולירן איהם און דאָס געריכט וואַרפט פונדעסטוועגן דעם פאָרשלאַג אָב און דאָך הייסט עס נישט אַז דאָס געריכט האָט פון פאָראויס אַרויסגעטראָגן אַ משפט.

רעזומירענדיג די אויספיהרונגען געפינט נישט איין דאָס קרייז-געריכט קיין שום סבות אויסצושליסן דעם ריכטער קאָהן פון פּראָצעס. דאָס געריכט באַטראַכט דעריבער, אַז די שטעלונג פון דער פערטיידיגונג איז אויסן אָבצושלעפן דעם פּראָצעס.

דער פּראָקוראָר, אין זיין דערגענצען די געריכטס-פּאָסיחען, לייגט בייצייכנישן פון וואָלינער וואָיעוואָדסטוואָ-אַמט, וועלכע באַשטעטיגן, אַז קיין שום עקסצעסן זענען נישט פאָרגעקומען אין די טעג פון צענטראַלע-צוזאַמענפאָהר, ווי אויך עטליכע דאָקומענטן, וואָס באַווייזן, אַז די פּאָליציי איז געשלאָגן געוואָרן דורך די דעמאָנסטראַנטן.

אַדוו. בערענשטאַהן בעט אַרויסצורופן אַלס עדות דעם ג. דעפּוטאַט באַטשמאַגאַ. דאָס געריכט איז מסכים און עס ווערט געשיקט נאָך באַטשמאַגאַ, וועלכער געפינט זיך אין דער ראַדאָמער תפיסה.

אין דער צווישן-צייט שטעלט דער ריכטער יעדן פון די באַשולדיגטע פאָלגענדע דריי פראַגן:

1) צי דער באַשולדיגטער האָט געשטימט פאַר'ן פאָרשלאַג אין שט.-ראַט 2) צי ער האָט גערעדט פאַר'ן פאָרשלאַג 3) און צי ער האָט אונטערגעשריבן דעם פּראָיעקט פון דער רעזאָלוציע.

אַלע באַשולדיגטע ראַטמענער, אויסער איינער, קאַרנאַחסקי, ענטפערן אויף דער ערשטער פראַגע:

— יאָ, כ'האָב געשטימט. —

אויף דער צווייטער פראַגע גיבן באַשטעטיגענדע ענטפער'ס די געוו. ראַטמענער גאַיעוויטש, שמיעטאַנקאַ און ג. פּרעזידענט גזשעשטשאַראָווסקי.

נאָכ'ן באַשטעטיגן די נעמען פון די באַשולדיגטע ווער ס'האָט אונטערגעשריבן דעם פאָרשלאַג פון דער רעזאָלוציע, פאָראָרדענט דאָס געריכט אַריינצופיהרן אויפ'ן זאַהל באַטשמאַגאַ.

נאָך אַ רעפּליק פון דער פערטיידיגונג און דאָס לעצטע וואָרט פון די באַשולדיגטע שמיעטאַנקאַ און גזשעשטשאַראָווסקי האָט דאָס געריכט געמאַכט אַ הפסקה. נאָך וועלכער ס'איז אַרויסגעטראָגן געוואָרן פאָלגענדער אורטייל:

געוו. פּרעזידענט גזשעשטשאַראָווסקי, וויצע פּרעז. אָזשעמבלאָ, וויצע פאָרזיצענדער פון שט.-ראַט קאַרנאַחסקי, און די ג. ראַטמענער גאַיעוויטש, שמיעטאַנקאַ — צו דריי חדשים תפיסה ווי אויך צו 10 זל. געריכט'ס קאָסטן.

די געוו. ראַטמענער ריבּיצקי, שאַרישעלינסקי, קראַך, שפּיגלאַ, דאַמענט מאַריאַן, סטעפּאַנסקי, אַדאַך, פּוסטי, אַבֿרהם'לע פינקעלשטיין, סטחיענק — צו איין מאָנאַט תפיסה און צו 5 זל. געריכט'ס-קאָסטן.

דער ראַטמאַן בינקאָווסקי איז פריי-געשפּראָכן געוואָרן און יאַן פּוסטי איז די שטראָף אָבגעלעגט געוואָרן אויף דריי יאָהר.



מיינע חברים זענען אַרויסגעזאָגט געוואָרן מיט אַזאַ התלהבות, אַז אַלע האָבן זיך פון די שטרוי-געלעגערס אויפגעריסן און זענען צוגעשפּרונגען צו מיר מיט אויסגעשטרעקטע הענט און פון זייערע פערשמאַכטע ליפּן האָט געפליסטערט ווי אַ הייליגע תפלה:

— מיר זענען זיך מוחל, מיר זענען זיך מוחל, אַלע זענען מיר קינדער פון איין גורל און ברידער פון איין ...ט ידען —

די שטימונג אין קעלער האָט זיך מיט איין מאָהל געביטן. די אָנגעזונדערטקייט איז פערשוואונדן, אַלע איינוואָהנער פון דער פינסטערער קעגינרייך זענען געוואָרן צווישן זיך נאָהנט און ברידערליך געהאַצט. ס'האָט זיך אַלע געזעצט אין איין רינדיגען קרייז אויפ'ן ברודיגען שטרוי, צום צייכן פון שליסן דעם ברודערשאַפטס-בונד האָט מען געמאַכט אַ סעודה פון שוואַרץ-ברויט מיט וואַסער, בעת וואָס יעדער האָט געזאָגט אַ געזעגענונג'ס-טאָאַסט לכבוד דער „סטיענקאַ", וואָס ברויך אונז היינט-מאָרגן פונאַנדער-שיידן פון לעבען און פעראייניגען אויפ'ן נייעם וועג, וואָס הייסט אייביגקייט.

(פאָרזעצונג קומט.)

# 10־יעריגער יובילעאום פון א ראדאמער וויכטיגע אינסטיטוציע.

די נאהנטסטע טעג פייערט איינע פון די וויכטיגסטע אינסטיטוציעס אין אונזער שטאט א 10־יעהריגען יובילעאום.

דער דאזיגער יום־טוב געהער צו דער פאפולערער און דער באמת פערדינסטפולער אינסטיטוציע, וואס איז איבעראל בעקאנט א. נ. „בית־יתומים".

10 יאהר ווערט די טעג, זייט ס'איז געגרינדעט געווארען אין ראדאם די דאזיגע ניצליכע און נויטווענדיגע אינסטיטוציע וואס איז פערוואנדעלט געווארען אין א ווארימע היים פאר פיעל צעהנדליגע קיילעכדיגע יתומים, וועלכע, ווען ניט דער בית־יתומים, וואלטען זיי זיך ארומגעוואלגערט אויפ'ן הפקר און זייער היסטער גורל וואלט זיי געשליידערט אין פינסטערען אבגרונד פון אכזריות דיגען לעבען.

דער 10־יעהריגער יובילעאום פון „בית־יתומים" ברויך זיין דער יום־טוב פון דער גאנצער שטאדט, וויל דורכ'ן ב"י האט ראדאם געהאט א רעשענג'ס־תויז, וועלכע האט במשך די 10 יאהר עגזיסטענץ אבגעראטעוועט בלי גוזמא פיעל הונדערטער שוצלאזע קינדער פון אונטערגאנג און מאראלישע געפאלענקייט, — לייסטונגען אזעלכע, וואס די שטאדט האט געהאט און זיי כבוד, און חוץ דעם נישט דערלאזט, אז די יודישע איינוואוינער אין ראדאם זאלען נישט האבען קיין פלעק אויף זייער געוויסען.

אין טאג, ווען די 10־יעהריגע פייערונג פאלט אויס, ד"ה שבת־צו־נאכט אויף זונטאג אריינשליסליך, דעם 13־טען ח. ח. ליגט א היליגער חוב אויף אלע איינוואוינער פון אונזער שטאדט צו נעמען א ווארימען, אינטענסיווען אנטייל אין דעם יום־טוב און זיך אויסצייכענען מיט עפעס אזעלכעס, וואס זאל עדות זאגען, אז נאך נישט איז אונזער שטאדט אזוי אבגעשטאנען און פערשטעהט פארט אבצושאצען די נויטווענדיגקייט און זי האלט עס פמש פאר א זכיה, וואס אויף די ראדאמער שטיינער שטעהט אזא פראגרעסיווער בנין, וואו ארימע, עלענדע יתומים ווערען געצערטעלט פון א מוטערליכע האנד, וואס ערציהט זיי און זארגט פאר דעם גורל פון זייער צוקונפטיגען לעבען.

## צוויי זעלבסטמארדען אין איין וואך.

דער ערשטער זעלבסטמארד־קרבן איז געווען אויף לובלינער גאס .36 דא

19־יעהריגע קריסטליכע מיידעל רעגינא מאיעווסקא האט אויפגעדרעהט דעם גאז און זיך דערנאך געלעגט שלאפען, פערשליסענדיג זיך אין איהר צימער.

אין דער פריה, ווען איהרע בעלי־בתים דוטקאווסקי האבען זי אזוי גיך נישט געזעהן אויפשטעהן צו איהר קוך־ארבייט האט דאס ביי זיי ארויסגערופען פערדאכט. ווען זיי זענען ארייין אין איהר צימער, האבען זיי די מאיעווסקא געטראפען אין א בעוואוסטלאזען צושטאנד און ס האט איהר באלד אבגעפיהרט אין שפיטאל אין א שווערען צושטאנד.

טראץ די באלדיגע הילף איז דאס יונגע אומגליקליכע מיידעל געשטארבען, מיטנעמענדיג מיט זיך דעם געהיימניס פון איהר טראגעדיע.

אויף מאריאצקע־גורקי האט דער יודישער איינוואוינער משה קירשענבוים זיך איינגעשניטען דעם האלדז מיט א קוך־מעסער, כדי פטור צו ווערען פון לעבען.

דעם אומגליקליכען, וואס איז געבליבען אין א שווערען צושטאנד, האט מען ארויסגערופען שנעלע מעדיצינישע הילף.

## גמילת־חסד־קאסע ביי דער יודישע גמינע רופט נאך הילף.

שוין 4 יאהר עגזיסטירט ביי דער היגער יודישע גמינע א גמילת־חסד קאסע, וואס ערטיילט אחנפראצענטיגע הלואות פאר דער אונפערמעגליכע בעפעלקערונג.

אין פערלויף פון די 4 יאהר האט די גמ"ח־קאסע ארויסגעגעבען 6350 הלואות אויף א סומע פון 480 טויזענד זל.

אזא ציפער רעדט שוין געגוג פאר זיך און בעווייזט בולט וואס פאר א וויכטיגע לייסטונגען די גמחק" האט צו פערצייכענען. לעצטענס אבער ווערט די קאסע בעדראהט און ס'שטעהט איהר פאר א סכנת אונטערצוגעהן. דאס איז דערפאר, וואס די פינאנסיעלע מעגליכקייטען שעפען זיך אויס און קיין נייע געלד־שפיצעס קומען נישט צו.

די סבות, וואס האבען געשאפען אזא לאגע, ערקלערט געגוי רי גמ"ח־קאסע אין איהר ספעציעלען אויפרוף, וואס זי האט ארויסגעלאזט צו די בעפעלקערונג אין ראדאם, וועלכע ווערט גערופען צו שנעלע הילף דורך פערשרייבען זיך אין א גרעסערער צאהל אלס מיטגלידער.

## 25 זל. פאר'ן קימפעטארין־פעראיין

צו אונז אין רעדאקציע איז אנגעקומען 25 זל. פאר דעם קימפעטארין־פעראיין. דער נדבן דריקט אויס זיין חינוש מ'זאל זיין נאמען נישט מפורסם מאכען. מיר ערפילען זיין פערלאנג און בעטען דעם קימפעטארין־פעראיין צו דעלעגירען זיינע באפולמעכטיגטע אנגעזעטען געגען קוויטירונג די 25 זל., וואס געפונען זיך אין רעדאקציע.

# קעלצער אבטיילונג.

## שקר און צביעות.

נאך זענען נישט פערגעסען געוואָרען די געשלעגען און די אלע צביעות דיגע מעשים פון אגודה'שע „העלדען" אין גאנץ פוילען און בעזונדערס אין אונזער געגענד, און — הערט און שטוינט!

אין דעם אגודה'שען ארגאן „דאָס יודישע טאָגבלאַט" פון 11-טען ה. ח. געפונען מיר א קאָרעספאנדענץ פון קיעלץ וועגען די סענאט-וואהלען אין קיעלצער וואָיעוואָדזשטווע.

דערצעהלענדיג, אז די גאנצע (!) יודישע בעפעלקערונג אין קיעלצער וואָיעוואָדזשטוואָ זענען טיעף פערביטערט אויף די גרינבוים'יסטען, וועלכע האָבען צוגעבראכען דעם מאנדאט פון... הירשאָוואָליכען בלאָק אין קיעלצער וואָיעוואָדזשטוואָ, מעלט דער „קאָרעספאנדענט" (עפיס א קיעלציער אזיאטיש יונגערמאנטשיק'ל) ארויין אין פייער און שרייבט:

„עס דארף פערשריבען ווערען אין דער יודישער געשיכטע דער „בלוטיגער זונטאָג." דעם טאָג פון די סענאט וואהלען ווען די ציוניסטען האָבען צופלאַקערט אין אונזער שטאָדט א שנאת אחים און געשלאָגען, צוקיילט און צובייזט אָהן אויפנאהם יונגלעך און מיידלעך וואָס האָבען געהאט דעם מוט צו אגיטירען פאר נומ. 18. בעזונדערס מערדערליך זענען צושלאָגען געוואָרען די מיידלעך"...

דאָ קומט א ליסטע פון די מערדערליך צושלאָגענע.

וואָס טהוט זיך עפיס דאָ! געוואלד און נאָכאמאָל געוואלד! פראים! וועמען ווילט איהר שיטען זאמד אין די אויגען. „צוקיילט", „צובייזט" און „מערדערליך"'ז אונזער יוגענד האָט דאָך משום מורא געהאט זיך צו אייך צוריהרען, בעלד האָט איהר דאָך זיי געווארענט מיט א „כ'הל רופען"... נו איהר ווייסט דאָך וועמען...

ווער איז אריינגעפאלען שבת אין שוהל מיט ווילדע קולות: „לאָמיר שלאָגען'ז ווער האָט צופלאַקערט דעם שנאת אחים, אויב נישט איהר, איהר אגודה'לייט מיט אייערע רעדעס, וועלכע האָבען זיך געענדיגט מיט די לאָזונג „מלחמת לה' בעמלק"'ז

דער אונערהערטער שקר פון די חברה מלשינים דערגרייכט אזוי ווייט, אז אין דער זעלבער קאָרעספאנדענץ געפינט זיך א נידערטרעכטיגער אנפאל אויף די גוט בעקאנטע און קעלץ אנגעזעהענע עסקנים די ה"ה ליפא מ נ-קעלשטיין און יוסיל אורביימאל.

און אָט צוליב וואָס פאר א „זינד":

די דערמאָנטע ה"ה האָבען, ווי בעקאנט, אלס שוהל-גבאים הערליך דורכגעפיהרט דעם רעמאָנט אין שוהל-בנין. לעצטענס איז צוליב'ן רעמאָנט ארויסגענומען געוואָרען עפיס א שטנקעל פון „לינת-הלילה", וואו עס האָבען גענעכטיגט עטליכע בחורים. צוליב די „זינד" ווערען די דערמאָנטע ה"ה בעזידעלט און בעשמוצט בכן — „זיי האָבען בעפוילען ארויסצוואַרפען די ספרים און געדינגען טרעגער'ס. וועלכע זענען בעפעלען די שוהלאָזע ישובה בחורים און זיי שרעקליך צו-שמית'ט" און דער „שרייבער" אפעלירט צום קיעלצער רב. אז — „ער זאָל זיך פעראינטערעסירען מיט'ן גורל פון די ישובה און נישט דערלאָזער צו ביטול-תורה".

כ'לעבען אָט מען זאָל איינאָרדנען א קאָנקורס אויפ'ן גרעסטען שקרן וואָלט זיך דער שרייבער פון די קאָרעספאָנדענץ זיכער אויסגעצייכענט. אָט דאָס הייסט א כזבן! אויב שוין יאָ שקר, טאָ זאָל זיין א ריעזיגער. און א געלעכטער: די דאָזיגע לייט שרעקען זיך פאר ביטול תורה...

יאָ, שיעור פערגעסען. אין דעם זעלבען „ארטיקעל" געפונט זיך אויך א זאץ און דאָסמאָל טאָקי... א ריכטיגער, א אמת'ער.

„קעלץ רעכענט זיך פאר איינע פון די ציוניסטישע פעסטונגען, וועלכע גרינבוים האָלט אויפ'ן אויג און צוליב דעם פלעגט ער טאָקי דריי מאָהל א יאָהר קומען קיין קיעלץ".

יאָ, זעהט! יודען זענען נישט אינגאנצען בלינד (אפילו אגודה'ניקעס). צווישען א בינטעל געמיינע שקרים געפונען מיר דאָך א אמת'דיגען פערל. אזוי איז עס. קיעלץ איז געווען, און איז, און וועט זיין אויף שטענדיג א ציוניסטישע פעסטונג און קיין שום ביזוחיליגע שונאים וועלען די דאָזיגע פעסטונג נישט קענען צוברעכען.

**לעבעלע.**

## צו דער אויפמערקזאמקייט פון די האנדווערקער.

דעם 15-טען דעצעמבער ה. י. ענדיגט זיך דער טערמין פון אָבגעבען ביטעס אויף הנחה-עגזאמענס. אויב די ביטע ווערט נישט אָבגעגעבען טערמינערט דער האנדווערקער דאָס רעכט צו בעשעפטיגען לערן-יונגלעך און בעקומט נישט קיין שום רעגירונג'ס-ארבייט. א זעלכע האנדווערקער קענען אויך נישט האָבען קיין וואהל-רעכט צו די האנדווערקער-קאמער און דאָס קען גורם זיין אז מען זאָל אוועקנעמען די ערלויבניש צו בעשעפטיגען זיך מיט זיין פאך.

עס ליגט דעריבער אין אינטערעס פון קעלץ יודישען האנדווערקער, וועלכען עס אינטערעסירט די עקזיסטענץ פון די מלאכה ביי יודען. אז ער זאָל נישט פערנאכלעסיגען אזא וויכטיגען ענין ווייל דער גורל פון יודישען בעל-מלאכה ווענט זיך יעצט.

א דאנק דער אינטערווענץ פון די יודישע ראטמענער אין דער האנדווערקער-קאמער איז דער עגזאמען-אבצאָהל רעדוצירט געוואָרען ביז 50 זלאָטעס.

זאָל דעריבער יעדער האנדווערקער חבר ערפילען זיין הייליגען חוב און געהן צו די עקזאמענס.

**י. גוטמאן**

## OGŁOSZENIE.

Aby umożliwić zastosowanie energji elektrycznej **do ogrzewania**

ELEKTROWNIA RADOMSKA proponuje pp. Odbiorcom przenośne liczniki gospodarcze z opłatą po 40 gr. za pierwsze 20 kilowatogodzin miesięcznego zużycia i po 20 groszy za następne kilowatogodziny miesięcznego zużycia

Zgłoszenia pp. Oddiorców na powyższe liczniki przyjmuje biuro ELEKTROWNI.

---

## זיכערע הילף און א רפואה

אהן א אפעראציע, אהן בלוט, אהן א מעסער, און גרין בלוט-פערגיפטונג פאר קראנקע אויף קילעס פאר מענער, ווייבער און קינדער, פערשידענע קאליקעס אין גוף פאר הויקערס און פ"ס,





פערלאזט אייך נישט, ווייל דער ווינקעל-ברוך ווערט גרויס אזוי ווי א מענשן קאפ אדער אזוי ווי א וואסער-קאן און עס פאלט אריין אין דעם כוס און דער קראנקער איז אין א גרויסער סכנה דורך פער-דרייען די קישקעס ווערט ער בראנדיג און שטערבליך. ספעציעל גוטע היילבאדאשען אויסגעצייכענט גיט דורך גרויסע פראפעסארען מיט מיינע בעהאנד-לונג און פון דייטשען פראפעסאר דאקטאר בראכגרעווינג באזייטיגען זיכער די שמערצען און געפעהרליכסטען ברוך, אויך פאר הויקערס לייבונגען מיט היי-גארטעטען און אבאראטען פאר פערקרימטע פיס אין פלאטפוס ספעציעלע איינלאגען אין די שיך. קינסטליכע ווימענע פיס און הענד, גומענע זאקען פאר די גרעסטע קראנקע אדערן.

עמפפאנגט פון 9 ביז 1 בייטאג פון 3 ביז 7 אין אווענט.

Hotel Europejski, Radom p. Nr. 17

בעמערקונג: דאס פערזענליכע טרעפען פון די קראנקע איז אונבע-דינג נויטיג. דיפלאמען האבען אויסגעשטעלט פאלגענדע אוניווערזיטעט פרא-פעסארען: פראפ. ד"ר באראנטש, דיר. י. בארישלער, פראפ. ד"ר בר. קיעלאנאווסקי און אויך אנדערע.

מיר נעמען אויך אן פערזיכערונג פון דער קראנקען-קאסע

### דאנקזאגונג.

דערמיט דריק איך אויס דעם גרעסטען דאנק דעם הערן דיר. ראפאפארט ספעצ. פאר ברוך וועלכער גיבט אן אין לאדזש, וואדזשעווסקא 22-177 פראנט האפט. פאר זיין געוויסענהאפטען פערלעגונג מיר א נ... היילבאנדאזש ליט זיין מעטאדע, האב געליטען אויף ברוך 20 יאהר און א דאנק אהם בין איך היינט געראטעוועט אזוי, אז כ'קען איהם יעדען אייגענעם היינט עמפפעהלען.

**Dr. BERGHOF Arzt.**

---

הועד של **ההסתדרות הציונים** ברדום

מביע בזה את השתתפותו בצערו העמוק של חברנו

מר אברהם באקמן נ"י

במות עליו

אביו **ר' חיים ז"ל**

על שרה עבודתו הציונית הפוריה ימצא נחומים.

---

מביעים אנחנו את רגשי השתתפותנו לחברנו אברהם באקמן

למות עליו

אביו היקר **חיים ז"ל**

בעבודתו לטובת ארצנו ינוחם.

מרדכי יהודה פישמן ורעיתו.

---

את רגשי השתתפותנו אנו מביעים לחבר המועצה

אברהם באקמן

למות עליו

אביו **ר' חיים ז"ל**

המקום ינחם אותו בתוך שאר אבלי ציון וירושלים.

מועצת **הבנק הציוני** ברדום.

---

את רגשי השתתפותנו הננו מביעים לחבר הועד

אברהם באקמן

למות עליו

אביו **חיים ז"ל**

בעבודת המסורה לבנין הארץ יאמצהו ד' וישלח לו תנחומים.

ועד של קרן-היסוד ברדום.

---

ברכת תנחומים

משתתפים אנחנו בצערו העמוק של הרה"ג כש"ת

יחיאל הלוי קעסטענבוים שליט"א אב"ד עיר רדום,

במות עליו אשתו הרבנית מרת

**חי"ה** תנצב"ה

המקום ינחם אותו בתוך שאר אבלי ציון וירושלים, ולא יוסף לדאבה עוד.

פנחס זלאטא ומשפחתו קיעלץ.

---

## דאס דאמען-קאנפעקציע-געשעפט

וואס איז ביז יעצט געווען טעטיג

**LEWICKA** ביי דער פירמע

איז יעצט איבערגעטראגען געווארען אויף

**Plac 3-Maja № 3**

**M-me MARIE** ביי דער פירמע

---

*Kino dźwiękowe „ŚWIT"*

Dziś i dn. następnych

**Szalona Dziewczyna**

w rolach główn.: Elenos Boardman i Alma Rubens.










| | | |
|---|---|---|
| *Kino CORSO Teatr* | *Kino ODEON Teatr* | *Kino „Nowe Czary" Teatr* |
| Dziś i dni następnych | Od poniedziałku 1 Grudnia r. b. | Dziś i dni następnych! |
| **Gracz w szachy** | **Dziecko Cyrku** | **KOBIETA** KTÓRA CIĘ NIGDY NIE ZAPOMNI |
| w rol. gł.: Editch Jochane i Jean de Merlli | w rol. gł.: Helena Costello i Joe Brown | w rol. gł.: Iwan Petrowicz i Lil Dagover |
| II. *Podwójna gra* | —Nad— program **Zaklęta Rzeka** | —Nad— program *Douglas Fairbanks* |

Redaktor Ch. M. Herc

Drukarnia Wyd. „Radomer-Kelcer Leben" Radom Szwoliżerów 10.